ל. קוויטקאָ

# דער שענסטער נאָמען

(פאַר קינדער)

צענטרפאַרלאַג
מאָסקווע 1928

# דער שענסטער נאָמען

איז העכער פון בערג
און העלער פון לויטערע שטראָמען —
דער ליכטיקער נאָמען. —

דער ליכטיקער נאָמען.
ער פלאַקערט און פירט אונז אין קריג
און פירט אונז צום זיכערן זיג.

בא וועמען סע שיינט
מיט ליכט די שפּראַך, און אויגן ברענען, —
דער ווייסט פונם נאָמען, דער ווייסט אים, דער
קען אים
דער ווייסט, אז דער נאָמען דער שענסטער איז לענין!

געשיינקט דער האלעסקאווער
שול

ס׳איז אַן עמעסע געשיכטע,
און דערציילן איז קעדאַי, —
ווער סע וויל נאָר, — בלייב זי הערן,
ווער סע וויל ניט — דער איז פריי.

ס׳האט מיט מיר אליין געטראָפן,
מיט מיין בערטשיק, יאָ, מיט אים.
זאָל אזוינס שוין מער ניט טרעפן
ניט מיט אייך און ניט מיט מיר!

ווען איך האָב אים נאָר דערזעען,
האָב געגעבן זיך דאָס וואָרט: —
ד ע ר מוז מיינער זיין, אף אייביק, —
ד ע ר וועט אויסוואַקסן אַ כאָרט!

און געשײנקט אים — אָט אַ נאָמען:
בערטשיק, בערטשיק, — שענסטער הונט. —
כאָטש אַ דאַרער: הויט און בײנער,
נאָר ווי שײן און קלוג און געזונט!

איך לויף אַ הײם — אוי, מאַמע, עסן!
מיש צונויף דאָס גאַנץ געקעכץ!
כ'האָב קײן צײַט ניט, — אָך, זאָלסט ווײסן,
וואָס כ'האָב הײַנט געפּאַקט אַ רעכטס!

כ'האָב פאַרנאַרט צו מיר אַ הינטל
מיט די רײפטלעך ברויט מיט שמאַלץ, —
האָסט אַזאַ מינס ניט געזען: —
דאָס עסט צוקער! דאָס עסט זאַלץ!

ס'האָט אַזוינע ווײסע פּיסלעך,
דינע — דין, מיט זײדן-האָר. —
ס'מאַכט זיך פּאַר אַ גאַנצן גרויסן, —
כאָטש אינגאַנצן אַלט אַ יאָר!

הערשל זאָגט: ס'אַשפּירער-שפּיצל,
כאַנקע זאָגט: ס'אַ פּראָסטער דאָג, —
אײַסעך-ווײַסעך, — רײַך איך אָן אים —
זאָלסטו זען, ער טוט אַ יאָג!

היינט זיין עקל מיט די פראַנזן!
ווען ער פּאַכט מיט דעם אַזוי —
גייט א ווינט, אַ ווינט אַ קילער,
אַזש אף ד׳ערד צעקערט די שטרוי.

אויגן, פינקטלעך ווי זיין מאַמעס,
נאָר דאָס פּיסקל — גלאַנציק גרין.
און די ציין — ווייזט אויס, געפּוצטע
און דאָס צינגל — רויט און דין.

ער האָט פיינט, אז מע צערייצט אים,
אז מע פירט זיך מיט אים האַרט, —
וויפל כ׳האב זיך אָנגעמאַטערט
פּיסקל איך האָב אים פארנארט!

כ׳האָב אים שוין געלערנט זאַכן:
— לייג אַ בּריוו! — טוט ער אַ ניס!
ווען איך זאָג אים: שטעל זיך, בערטשיק! —
שטעלט ער בּאַלד זיך אַף צוויי פיס!

גיב מיר, מאמע, פליישׁ אַ שטיקל,
נאָך א שטיקל, ס׳מאכט ניט אויס! —
גיב אַ פּלעצל, גיב א הערינג: —
ר׳האָט א מויל אַזוי אָ גרויס!

און ער איז בײַ אונדז געבליבן
שלעכטע שפּײַז איז בײנער, בּראָק? —
בּערטשיק ווערט אַלץ גרעסער, פולער,
ווי די זון מיט יעדער טאָג.

אין די נעכט אַליין אינדרויסן
היט דעם הויף אויף אַלע פיר;
יאָגט די קעץ און יאָגט כאַזיירים,
פּילדערט, שרײַט, צערײַסט זיך שיר.

נאָר סע בלאָזן זיך די שכנים:
„— נו, אַ הונט! אַזאַ מין נאַכט!"
נאָר איך ווייס, ווען ניט מײַן בּערטשיק
וואָלט מען אַלעם אומגעבראַכט!

נאָר איך ווייס, ווען ניט מײַן בּערטשיק,
וואָלטן לאַנג שוין ניט געווען,
סײַ די גענדז און סײַ די הינער,
סײַ אַ שטײַנדל אויף אַ שטיין!

ווייל ס'אידאָ גענוג נאָך סאָנעם —
און פּיאָנערן זײַנען נאָך קליין
נו-נו, מײַן בּערטשיק קען די סאָנעם,
און ווייסט, ווער פאַלש איז און געמיין!

אָט, אַשטייגער, ווען א כאָפּטע —
די, וואָס גאַנוועגען די פערד,
איז אריין צו אונז אין קאמער, —
אויסגעוואקסן, ווי פון דר׳ערד,

און צעשלעפּט דאָס היי, די סיטשקע,
און פּאָלאָווע זאַק נאך זאק,
גוט, וואָס ניט דערזען די קלייען —
און ניט געפּאַקט די בייע האַק.

און אין שטוב מע הערט ניט גאָר ניט,
מ׳איז פארשלאָפן שווער און הארט, —
כאָטש מיין בערטשיק רייסט זיך, פייערט, —
גראָד איז ער אין שטוב פאַרשפּארט, —

ביז ער, — טראַך! — צעברעכט א טעפּל, —
כאַפּט זיך באַלד די מאַמע אויף,
שמיצט אים גלייך ארויס איגדרויסן,
ווערט אינדרויסן א געלויף,

אַ געלויף און א גערודער,
סיטשקע שיט זיך, ס׳ברעכט א ברעט;
שרייט די מאַמע: „אוי, גאַנאָווים!״
פליט דער טאַטע באַלד פון בעט,

און מיר, קינדער, נאכן טאטן, —
פארן טאטן בערטשיק לויפט,
און מיר שרייען: „גוואלד, גאַנאָווים!
ראַ-טע-וו-ע-ע-ע-ט!"

ערשט דערנאָכדעם האָבן אלע
גלייך געזען, ווער בערטשיק איז;
און געקעכלט אים שוין איין מאָל!
ווער מיט פלייש און ווער מיט זיס.

און ער ווערט מיין ליבסטער כאַווער
און דער בעסטער פריינט אין שטוב;
העלפט מיר זינגען, העלפט מארשירן,
ווארט מיך שאָען לאנג באַם קלוב.

גייט דער זומער, פריילעך גייט ער.
נאכן זומער, גייט דער הארבסט.
פעלד איז הויל, נאר שטעקנס שטייען, —
קאָנסט זיך שניצן, וואס דו דארפסט.

גראָב קאַנאלן, מאך קוריניעס.
כאַפּ א יאשטשערקע באם עק.
בערטשיק ווייסט כ'האב ליב איזשאקעס,
לויפט ער אום און שמעקט און שמעקט.

ציט דער הארבסט אריין אין ווינטער
וואָס איז ווינטער ? — שניי און גליטש.
קלאָר און מונטער, — אלע קינדער,
ווי דאס קינדער-בילד איליטש׳ס.

נאר וואָס מ י ר האָט זיך געטראפן,
האט זיך קיינעם ניט, — איך שווער.
אז דעם אייגנעם בערטשיק מיינעם
זאל פארניכטן! און נאך ווער? —

איך אַליין! נאר ווארט, פאמעלעך. —
ס׳שטייט אינדרויסן אונזער הויף.
וואו זאל ווינטערן מיין בערטשיק?
איך ? — איך זאג: אפן אויוון ארויף!

שפרינגט ער אפן אויוון, בערטשיק,
ס׳אַרט אים דען? ס׳איז היימלעך, ניי;
באקט מען קנישעס, קוקט ער צו זיך;
וויל ער פלעצל? — באלד דערביי!

נאָר דער טאַטע שרייט: — „אינדרויסן! —
א הונט דארף היטן, זיין אין הויף!״
און די מאמע לאכט: „אַוואַדע,—
מ׳האט אָפּגעדרייט פון פלויט א שרויף!״

הערט מיין הינטל, ווי מע זידלט,
שטרעקט דעם קאפּ אויס, זאגט קיין וואָרט, —
מיטאמאָל, — א שפּרונג פון אויוון
און אינדרויסן, לייגט זיך דארט.

נעמט דערווייל דער ווינטער שפּילן
אפן רעכטן גראָבן באַס.
שטעלט דעם טייך אָפּ, שנייט ביז דעכער
כאַפּט בא נעזער, פרירט דאָס פּאַס

איינמאָל, כ׳שנייד אַ וועג צום ברונעם,
כ׳שרייב מיט שטאָק אף שניי א בריוו,
בערטשיק שטופּט דעם קאָפּ אין שנייען
שפּרינגט און פּאָרקעט זיך טיף-טיף.

גייט אדורך מיט גלאז א קעסטל
אונזער גלעזער ארקע זוס
גאַנוועט שטיל זיך אונטער בערטשיק,
כאַפּט אים אָן באַם לינקן פוס.

אַך, אַז ארקע מאַכט א ליאַרעם: —
„אַיי — אַיי! אוי — אוי, — א מעשוגענער הונט!״
סע ווערט א גוואַלד, און איך, איך טאַינע:
ניין, אוי ניין, דער הונט איז גזונט!

כ׳טרייב אים: — בערטשיק, ס׳אַ סאַקאָנע!
אַוועק, אנקלויף, נו, הונט דו, — העט!
נאָר כ׳זע זיין בליק און ווער דערשראָקן:
כ׳זע, ער הערט ניט, וואָס איך רעד.

ס׳ווארפט מיט אים, ער שטרעקט די צונג אויס
און רוקט זיך ווידער געבן אַ ביס. —
האָט פעטער זוס מיט זיין שטיוואָליע
אין אים מיט קראַפט געטאָן א ריס!

האט ער אַ פלי געטאן, מיין בערטשיק,
שרעקלעך זיך צעוויינט, צעבילט,
און נאָכן אייגנעם עק פאַרדרייט זיך,
ווי אַ וויכער גיך, געשווינד.

„אך, אַ שאָד, אזא מין הינטל״ —
זאָגט דער שניידער שולי-שער —
שווער דעם הונט דער ערשטער ווינטער
„האָט ניט אויסגעהאַלטן, דער״.

האָבן אינגלעך אויסגעשריגן:
„מעשוגע בערטשיק! מעשוגע! — יאָ!
„מע דאַרף אים טויטן!״ — שרייט דער גלעזער —
„כעווריע, שטעקנס! היידאַ! — האָ!״

און מיר לאָזן זיך נאך בערטשיק, —
איך, — איך אויך, מיט אַ אוראטש. —
כ׳שריי, איך וויין און לויף פאר אַלע
און ווי צעדולט און ווי צעפּאַטשט.

כ׳וויל ער זאָל שוין גיכער שטארבן.
כ׳קען ניט זען, ווי כעוורע-לייט —
שטעקנס ווארפן אים און טרעפן
און ס׳רינט אים בלוט פון מויל, פון זייט.

כ׳וויל, ער זאל שוין גיכער שטארבן,
ר׳לויפט אין פעלד, מיר לויפן נאָך. —
דאָס פעלד האָט רו דעם הונט געגעבן
און צעבליט מיט וויין דערנאָך.

און נאָכן בליען גייט דאס שניידן!
נאָכן אָנהויב גייט דער סאָף! —
נאָכדעם זייט מען, שניידט מען ווידער
שלאָף-זשע, פריינט, מיט זיסן שלאָף!

מאי אין קינדערהויז אין לעבינס
איז שוין איינמאָל פריילעך, יאָ.
אונזער מונטערע קאָמונע
איז אין שטאָט די ערשטע דאָ!

נאָכן יאָנטעוו גיין עקסקורסיעס
ביז עקסקורסיעס, — אויך ניט שלעכט.
ס'איז נאָך דאָ מיט וואָס צו שפּילן:
פֿאַרב און ליכטלעך, קליי און בלעך!

און דער שעף געשיקט האָט ביכלעך
און צוקערקעס פּעקלעך צען. —
— ווען וועל איך שוין קענען לייענען?
כאַנקע, לערערקע, נו ווען!

כאַנקע, זע נאָר די צוקערקע,
ס׳איז פון נעכטן, זעסט א זאך!
זעסט אַף דעם אַ קינד? — סע קייעט,
און א קאָטער זיצט און לאַכט.

און א בין, זי באָדט דאָס קעפּל,
אין אַ שיסעלע מיט זיס,
זע אַ שפּין אוי-אוי א גריניבקס, —
אָן אַ קאָפּ גאָר נאָר פון פיס

און פון דער זייט — בלימלעך, בלימלעך! —
מיין קאָנפעטל, אוי מיין ליבס!
דייגע שטייפינקע צוויי שפּיצן —
ווי דעם שעפּס דער רויטער שניפּס!

כאַנקע, קאנען שטענדיק קומען
אלע שעפן צו אונז אין געסט? —
יאָ, איך ווייס, זאָל נאָר ניט רעגנען;
און זאָל נאָר ניט זיין קיין פרעסט!

אָט איז לייבל! לייבל-פייבל
קוק וואָס איך האָב אזא זאַך!
— איך האָב אויך און נאָך א שענערס —
א טרומייטל, — שפּיל איך: פּאאאא אף!

לייבל קוק נאָר, קוק אַף דער זייט
און אַף דער נאָך, זע נאָר... שאַ...
זאָג אַליין, האָסט שוין געזעען
אַ קאָנפעטל גאָר אזא?

— ווייסעך, כ׳וואָלט זיך ניט געביטן.
מיינס — א זאַך! — און דיינס וואָס? זיס!
— שאַ, כ׳צעוויקל, וועל מיר זען,
וואָס איז שיין און וואָס איז מיס!

זעסט אַ דעקל, נאָך א דעקל,
און די לעצטע דינע דעק.
אוי א שייניגקס, אוי אַ געלינקס,
נא שוין, גיב דו אויך א שמעק!

— נאַ דיר, ווילסט אָ דאס טרומיטל?
און די קנעפּלעך אַלע אכט,
ווייסטו, גיב מיר דיין קאנפעטל,
נאָר זיך בייטן איבער נאַכט.

ניין, איך וויל ניט, כ׳טו א לעק נאָר
און פאַרוויקל, ווי געווען
און איך גיי עס לייגן שלאָפן,
און איך לייג זיך נעבן דעם!

כ׳וועל עס מאָרגן דיר ערשט ווייזן
ס׳איז אין קישן שוין פאַרוקט.
גיי דיר, לייבל-פייבל איינער
א מין קוקן ווי ער קוקט!

## מאָרגן פרי

אוי, וואָס איז מיר אין די אויגן?
כ׳זע ניט מיין קאָנפעטל דאָ!
אַפן בעטל, אונטערן בעטל,
אינם העמדל, — ס׳איז ניטאָ!

כאַנקע, לערערקע, כאַנוסיע,
זוך עס מיר איך בעט דיך אָפּ,
לייבל-פייבל, עפשער ווייסטו?
נו, דריי אויס אהער דעם קאָפּ.

קוק ניט, לערערקע, אף לייבלען, —
וואו איז מיין קאָנפעטל צינד?
קאָן דען זיין ס׳איז נאָכן שעף נאָך,
נאָכגעפלויגן אפן ווינט?

ס׳איז דאָך גאָר מיט מיר געשלאָפן,
דאָ, צעקאפנס, באַ דער באַק.
לייבל-פייבל, זאָג דעם עמעס,
עפשער האסטו עס געפאַקט?

גייט דער בּוהאַי פון דער פּאַשע
רעוועט, רעוועט, — רעווא — ווא
טוט א היכץ פון וואלד, פון פעלדער
מיט א ווידערקאָל אזאַ!

רעווע רעדט פון טעפּ און פעסלעך
רעווע טרייסלט מיטן הויף. —
שפּילט דאָס קליינוואַרג, שפּילט אין דרויסן
— וואַרפט די שפּילן און אַנטלויפט!

אונטער ווענטלעך, אונטער דעכלעך,
אונטער קאַמערן געשטעלט, —
שטופּן קינדער זיך בּאַ שפּאַרעס
זען ווי בּוהאַי שפּאַנט אף וועלט!

שטופּן קינדער זיך באַ שפּאַרעס
און סע טוט זיי האַרציק ווי: —
אַלע שפּילעכער געבליבן,
דאָרט אַף העפקער שטייען זיי.

ביידע הינטלעך איינגעשפּאַנטע
איצט צערייסן זיי דעם שפּאַן! —
שפּרינגען אַף דער מיל, — הינטלאַקעס!
און צעדרייען דעם באַשטאַן!

אוי, די ציג פּרעסט אויף די דעכלעך
זעלכע געלע פון קאַבאַק,
זעט די קעצלעך איינס, דאָס צווייטע
אַפן פאַרקן באָך! קנאַק!

נאָר פון זאַמד דער קליינער טראַקטאָר
און דער קלוב פון שטרוי-טשערעט
שטייען שטאַרקע גוט געשלאָסן
אָטשערעט מיט אָטשערעט!

זעט, דער נעפּמאַן איז געפאַלן,
און דאָס נעפּעכץ זיך צעגייט, —
נאָר דער מאַרש פון פּיאָנערן
טופּעט אַלץ באַם מאַוזאָליי!

טוט דער בּוהאַי נאָך אַ רעווע,
טוט מיט אַלעמען א ווארף —
קיינער גייט אין גאַס — מע גייט ניט,
נאָר א דאָרפקאָר גייט אין דארף.

און דער בּוהאַי — קאָפּ געהויבּן,
פולע אויגן, שוואַרצער פלאַם,
ציטערן די קי אין שטאַלן
בּילן הינט פון אונטער צאם.

שפּאַנט דער בּוהאַי גאַנץ פּאַמעלעך
הויבּט די פיס און שטעלט אַוועק;
פּאָרנט פאכעט אים דער גוידער
הינטן וויגט זיך אים דער עק.

און די הערנער שטאלץ און מעכטיק,
יעדער גליד, — א זינג, א טראָפּ!
טראגט די זון צעווישן הערנער,
טראגט די זון זיך אַפן קאָפּ!

זון א רויטע באַם פאַרגייען
זיצט אף בּוהאַי און זי קוועלט.
גיסט איר רויטקייט אף זיין רוקן
און פון אים אף האלבער וועלט!

פרעגן שנעקלעך: — וועמעס איז ער?
ווער קען נעמען אים באַם נאָז,
אַז גאַר אַלע זיך באַהאַלטן
הונטער טירן אונטער גראָז?

און וואו וואוינט ער אַזאַ בּוהאַי?
אַלע שטאַלן פאַר אים ענג!
קאָן דאָך דעכּלעך אונטערהויבּן —
שפּאַרן ווענט אַף ברייט און לענג.

— און ווער טראָגט אים אונטער עסן?
— עסט ער פון אַ צעבּער דען?
— און ווער קען אים נעמען מעלקן —
ווער אַ בּוהאַי מעלקן קען?!

# אַמאָל איז געווען

(ערשטע דערציילונג)

איך געדענק די אלטע צייט,
כאָטש זי איז שוין גראָוו און ווייט,
און מיט שטויב, מיט מאך באדעקט,
און פון קאפ ווי אויסגעמעקט.

נאָר סע טוט אַמאָל אַ נאָג
יעבער לאַנגער ארבעטס-טאָג
און איך אַ וועוועריק נאָך און ווילד.
און מיר באם זייט א קענטלעך בילד,

מיט די פּיסקעס זיינע ווייכע,
מיט די אלטע, אלטע צייכנס, —
פון דער גרייז און גרויער ווייט,
פון מיין קינדערש-שווערער צייט.

---

איך געדענק א קאלטן ווינטער,
מיט אַ כעוורע שטארקע פרעסט,
שניי אף שניי און ווינט אף ווינטן,
פעלדער גלאט ווי אויסגעפרעסט.

און אף דערנער זיינען שנייען
אויפגעהויקערט שאכט אף שאכט.
פענסטער זיינען שטארק פארהוכקעט
די קאַנורקעס שטארק פארטראכט.

בוימער שטייַין מיט ווייסע פּאַכוועס
ביזן גארטל אזש פארשנייט. —
העט, באם הימל איינגעקריצט זיך,
העט, א דערפעלע דאָרט שטייט.

יאָגן, יאגן פון די טאָלן,
פרעסט און ווינט צו אונזער בארג.
און זיי קינצלען אף די שויבן
סעדער, כאַיעס, איציקס קארק.

ווער ס׳איז איציק? — פּאָשעט איציק.
דער, וואָס האלט דעם גרויסן דראַטש.
דער וואָס האָט געפּאטשט מיין טאַטן
און דערנאכדעם מיך געפּאטשט.

יאָ, סע שמוסט שוין ניט דאָס טײַכל,
און די דייזשקע כאַפּט א פריר.
שוועלן ווערן העכער, העכער, —
ברייטער, סקריפּענדיק די טיר.

שלעפּט די מאמע ארויס די פּוישטן
טוט א קרעכץ: „שוין דאָ אַ לאָך".
נעמט מיין איטקע זיי פארלאטען:
שטעלט לאָפּאטע גרויסע שטאָך.

הייצט די באָבע איין דעם אויוון,
פלאמט קוראַי-גראָז מיט אַ קנאק.
שיינט איר פּאָנעם פארן אויוון,
און סע פלאמט בא איר א באַק.

צוויי און צוואַנציק טויזנט טעג שוין,
אז זי הארעוועט אף וועלט;
קיינמאל ניט קיין זאטן ביסן
שטענדיק פעלט און פעלט און פעלט..

צוויי און צוואנציק טויזנט טעג שוין,
כאָוועץ טעכטער, כאָוועץ זין,
און צו איציקן זיי שיקן,
אין דער קיך, אין דראַטש-מאשין.



459—3*

און בּאַ קינדער וואַקסן קינדער
אייניקס קליינע, יאָדער-קליין.
וואָס זשע אי דאָס איציקס אייסעק,
וואָס ער קוקט זיי אין די ציין?

ווי מע וואַקסט, און ווען מע יאָרט זיך,
צען איז גוט, איז גראָד די צייט. —
„כ׳נעם זיי צו אף דריי-פיר יאָרלעך,
„איך וועל מאַכן פון זיי לייט...״

בּאַ דעם פייער שטייט מיין בערל
ווארעמט אָנעטשעס פון זעק.
פאקט אין שמאטעס אים די מאַמע,
לויפט ער באַלד צום דראטש אַוועק.

דאָרטן אַרבעט ער בּאַם פרעס-שטיין,
יאָגט דאָס פערד און אים סע יאָגט. —
פאַר דער שווערער אַרבעט קריגט ער
זיבּן קאָפּיקעס אַ טאָג.

קומט ער האַלבּע נאַכט פון דאָרטן
ווערט אנטשלאָפן ווי ער שטייט.
טוט אים מאַמע אויס, פּאַמעלעך,
און א טרער פאַלט שטילערהייט.

פרײלעך בּרענט אין אויוון ס׳„דריוונע״ *
טרײבט דעם פראָסט, וואָס הינקט צוריק.
דורך די שויבּן פלאַמט דער מיזרעך
אין א ליכטיקן באַשליק.

רוקט די באָבּע אַרויס פון אויוון
מאמעלאיעס רויט-פארפלאמט.
זי באַגיסט מיט אייל מיט פרישן,
ווערן זיי ערשט רעכט באַטאמט!

קריך איך גיך אַרײַן אין הויזלעך,
פּיץ - פּיץ - פּאַץ, — אף גיך א וואַש.
ס׳איז שוין שפּעט, אף די מאלאיעס
לויפט שוין אום מיט אייל די פלאַש.

גיט די באָבּע צוויי מאַלאַיעס
בּריט אין הענט — אַ וואָרף, א וואָרף:
מיט אזעלכע, נו, פארטרײבּן
קאָן מען פראָסט פון שטאָט און דאָרף!

שוין פאַרוקט דעם הייסן אויוון,
שוין פארשטעקט דעם קוימען-לאָך,
אָפּגעבּראָטן צען קארטאָפּלעס;
פּלעצלעך גראָבּע אף א וואָך.

---

* געטריקנטע בּעהיימע-מיכט

האָט די מאַמע פּעט פֿאַרפּוצט זיך:
טראַנטעס, שמאַטעס, דאכט אַ שאָק.
נאָר פֿאַרהוסט זי זיך אַ ביסל
טוט זי אָן באַלד נאָך אַ ראָק.

שלעפּט זי זיך, דארט אונטער הייזער,
היט זי פֿרעמדן סקלאַד געהילך.
און זי דאַרט אין ווייסער קרירע
גרינגער ווערט זי, בלוי ווי מילך.

בלייבט די באָבע, בלייבט מיין איטקע,
איך מיט זיי: „דער קליינער שנעק”.
איטקע נעמט אַ קלייד און שליארקעט,
איך, אַן אלעף-בייס איך קלעק.

רוימט די באָבע אויף אין קעכל,
כאַפּט דעם זאָק, און מיט אַ לויף
וואַרפֿט פֿון זיך אראָפּ די שקראַבעס,
אויפֿן אויוון קריכט אַרויף.

זאָגט מיר: לייבל, נעם מיין שאַלכל,
טו זיך אָן אין מיינע שיך,
טראָג אָפּ בערלען דריי מאלאיעס,
זיי א וואוילער, לויף אף גיך.

„אוי, ס׳איז קאַלט מיר״ — קווינקל איך זיך —
כ׳ווייז אַף איטקען: „זי... זי מעג...
זע איך נאָך נאָך איין מאַלאַיטשיק, —
לאָז איך זיך אין שווערן וועג...

לופט איז הארב און בייז אינדרויסן
שטאַרקט דעם ווייסן שניי און סמאָל׳ט, —
באַבעס לאַפּטעקנאַש *, ער שוצט מיך, —
פאַר דעם צוירער מיך באַהאַלט.

כ׳שלעפּ די גרויסע, האַרטע שקראַבעס,
זיינען קאַלט. זיי ווערן גרוי
ס׳קילן אָפּ מיין בערס מאַלאַיעס,
און זיי ווערן טויט אַזוי.

כ׳זע דאָ לאַנגע רינווע-צעפּלעך,
אויסגעשמידט פון פראָסט, פון קעלט.
צעפּלעך—בערד און צעפּלעך—פּאַטלעס,
הוילע צעפּלעך איז די וועלט.

אוי מיין נאָז, מיין נאָז, מיין נעזל,
ס׳הויבט אָן טריפן ווי א טייך
נאָך איין סמאַליע ווערט עס צעפּלעך
מיט די רינווע-צעפּלעך גלייך...

* אזא וואַרימער אַלטפּרענקישער מאַלבוש.

כ׳גיב אָפּ זיינס דעם ברודער בערלען.
קייט ער גיך און קייט געשמאַק. —
דאַכט, סע קייען אויך די שרויפן,
קייען, סקריפּען מיט א קנאק.

כ׳לויף א היים, ס׳איז קאלט, איך ציטער,
רייט דער פראָסט מיר אף דער נאָז.
טרייסלען זיך די הענט די רויטע
און די אויערן שטייף ווי גלאָז.

כ׳קריך ארויף אף הייסן אויוון,
מאכט דער פראָסט דאָ ניט קיין שטיק
כ׳נעם זיך פלעצל און צעלייג זיך, —
ווער נאָך האָט אזא מין גליק!..

באבע טאנצט מיט אירע שפּיזלעך,
איטקע נייט אַ בארג, א טאָל.
באבע, באבע, נו, דערצייל זשע!...
אַמאָל, אמאָל איז געווען, אמאָל.

# איך דער וואַסער-פירער

(צווייטע דערציילונג)

גראָווער ווערט דער דרויסן, גראוווער,
זאָגט אונז צו א בייזע וואָך.
און דער הימל בלינדלעך, קוקט ער
ווי מע האקט אין בוג א לאָך.

פאַר בעהיימעס א פאלאנקע
שלאגט מען אפ אין טייך באם אייז.
האקן העקערס, שפּרינגען שטיקער, —
ביז דער בוג אַן אויג באווייזט.

טרינקען, קוויקן זיך בעהיימעס:
ווער סע כליעפּטשעט, ווער סע זופּט,
שקאפעס פירקען, לעמער פירקען
יעדער קוויקט זיך, יעדער טופּט.

אַפֿן פֿענסטער וואַקסן ווערלדער,
אין די וועלדער הערשט דער פֿראָסט.
נאָך א אינדיק — יאָגט א יעגער.
און א טרעגער טראָגט די פּאָסט.

און די באָבע ברומקעט אונטער,
וואַשט און פּאַרעט דאָס געפֿעס.
אַפֿן קוימען טריקנען שקראַבעס,
קאַפּען טרערן פֿון די נעז.

און מיין איטקע וואַרפֿט דאָס נייען
שטעקט די נאָדל אין אַ פֿאַלד.
גייט פֿאַרפֿרוירן צו צום פֿענסטער:
צו די כייעלעך אין וואַלד.

טוט אַ קוק און כאַפּט דאָס פֿלעשל,
לויפֿט אַף גיך נאָך קעראָסין.
דאָ אין דרויסן, גרוסט דער פֿראָסט זי,
בלויע ווייטן, גרוי און גרין.

ענגער טוליע איך זיך, ענגער,
צו מיין באָבעס לינקער זייט.
אָט, זי רוימט שוין ניט, זי זיצט שוין,
די מאַכשאָווע טראָגט זי ווייט.

בויגט זי זעער איין די פלייצע,
און פאַרשנירט דאס דינע מויל.
טונקל, טונקל, פון איר פאנים
קוקן שווארצע אויגן-קויל.

עפּעס ווייסן זיי אוואדע,
אט די אויגן, — טיף און ווייט, —
וואס א מענטש איז, וואָס א הארץ איז,
פאַרוואס אָרעם, פאַרוואָס רייך!

— ס׳איז אנומלט שוין א שיינער, —
הויבט די באבע טרויריק אן —
ס׳איז א הונגער-יאר, א יאקרעס,
ס׳ברעכט א ביין, סע קלאפּט א צאָן.

אָרמע-לייט אין זעלכע יארן,
עסן באַ קאַדאָכעס קעסט.
נאָר די גווירים ארט עס ווייניק, —
האבן האט מען, און מע עסט.

און מיין טאטע איז אַ נעמען,
איז אַ נעמען אין אַ מיל.
ביטער איז אונז, ווייל מע מאָלט ניט,
אלץ איז אפּגעשטעלט, סע שטיל.

הויבּט די טיר אַן אפּטער סקריפּען
קיצווע בּעט שוין, יענער, דער.
אַ פּאר הויזן פּאַר א בּייגל, —
אַ קאַרטאפּליע פּאַר אַ שער!

פּינעף גילן אַ וואָגן ליאַקעס *
שטרוי א בּינטל, — א פּיאַטאק.
פּרינדעט מען דאס אלטע מאלבּוש,
אלטן לאַפּטיקנאש און "סאק".

געדיינק איך, איץ, א וואַסער-פּירער,
געהייסן האט ער אזוי, איץ,
ר'האט פּאַרמאגט אַ ווייבּ און קינדער,
און אַ פּאנים אַ צעקריצטס.

ר'האט פּאַרמאגט אַ בּרודיק פּערדל:
בּלינד און קרום, אָן עק, אָן האר, —
פון בּאגינען בּיז שטאק-פּינסטער
פּלעג דערגייען דעם די יאר.

ס'האט געשלעפּט דאס פּוילע פּעסל,
אף דער קרומער, בּייזער אקס.

---

* וואר צלען

און די רעדער — ווי שיקורים,
זיך געדרייט, געקניפּט אין פלאקס.

איז דאס גוטע יאר געקומען, —
האט געטראפן אים אין קארב:
בא אזא מין נויט און הונגער, —
נו, — כאטש צי זיך אויס און שטאַרב!

ר'איז געווען דערצו א כוילע,
גאר באדארפט דאס שטיקל פלייש.
און געהיקעט — היקעט ביטער, —
אזש באשלאגן פלעג א שווייס.

איז געגאן דעם קאפּ אף פריער,
קורץ גערירט זיך, ווי א פיש. —
און געטאַינעט היקעוואַטע:
„כא-א-ט-ט-טש נעם א קנאָ-ב-ל ר-ר-רייב אין טיש!"

מיט אַזאַ מין לאשן מאלט ער,
ווי די קינדער מאנען ברויט;
ווי סע שאקלען זיך די ציינדלעך,
ווי סע בלאטערט זיי די הויט.

איז אַ נאַכט געווען א שיינע,
ווי אַ רויז האט זי געבליט.
...שוואַכע קרעכצן אין די בעטן
און דער מיזרעך שוין שאריעט.

כאפּ איך אויף זיך, ס׳טוט אַ פּוס ווײ. —
כ׳פּיר פאַרקויפן היינט די קו:
אייל באַדאַרף מען, ס׳מעל גייט אויס שוין.
גרייט איך זיך פאַמעלעך צו.

טו איך פאַר דער טיר א הינקע,—
זע איך, אך, — אין ריגל-שפּאַלט: —
עמעץ פארעט זיך באַם זעקל,
גראבּט דאס מעל, א טארבּע האלט.

בין איך צו, איין אויג פאַרמאַך איך,
קוק אין שפּארע פון דער טיר,
זע איך: איץ, צעלאזט די פאלעס,
האַלט אַ טארבּע, — רוקט אין איר.

קום איך גיך, וועק אויף דעם טאַטן,
(האט די מאַמע אויך דערהערט),
כ׳ווארט, אט וועט זיך טאַטע אַ יאג טאן,
ביין, ער שווייגט און איז פאַרקלערט.

ניין, ער גלעט מיר גאר דעם שטערן,
מיט זיין האַרטער האנט, און מילד
הויבן זיך די גרויסע ברעמען:
— „שטער אים ניט, ניט שטער אים, קינד”.

ר׳נעמט מיין הענטל, נעמט דאָס צווייטע
בויגט מיר פינגער: איינס נאך איינס,
רעדט גאר שטיל און הארציק, הארציק:
„ביסט אַן אַכזערל א קליינס”.

נעמט דערוויל דער איך אין גאנעק,
מעל א טאָרבע, גייט אַוועק.
הייסט דער טאַטע טיר פאַרשליסן
זאגט מיר: „שווייגן, שאַ. אן עק”.

נודנע לאנג האט זיך געצויגן,
אָט די שווערע הונגער-צייט.
ווי אַ שליטן אין אַ בלאטע
פון א אישעוו ערגעץ ווייט.

נאָר סע קומען יונגע הימלען,
רעגנס, רעגנס, בזיל-האַזאָל.
פעלדער גייען אויף געראטן,
פול דער מאַרק מיט ברויט, מיט וואָל.

אויבן אן די קרעמלעך דרייען.
באַלמעלאכעס שוין אין יאָך.
פריצים טרייבן אין וועלט טשומאַקעס:
קיין אדעס און ווייטער נאך.

שטיי איך ווידער, איינמאל, פרי אויף
מיט דער זון אין דעם באַגין. —
כ׳גיי אַרויס אין אונזער גאַנעק: —
טרעפט-זשע וואס איך דארט געפין?

אף דעם מעל, דעם זאַק, — א קניפל, —
ליגט פון בענדלעך, פון פאַפיר.
כאַפ איך ס׳קניפל, איך צעוויקל: —
הוילע קופער! צענערס פיר!

כ׳האב געכאַפט, און גאר פאַרכידעשט,
האב דעם טאטן עס געבראַכט.
ציילט ער עס, דערנאך באהאלט עס,
איז פאַרכידעשט, איז פאַרטראַכט.

שפעטער ערשט, האט אונזער שאכן,
שטיל דערציילט זיך, גלאַט אַזוי,
ווי ער טרייבט די ציג זיך פאַסען, —
ביז די קני אין גראז, אין טוי.

זעט ער גראד, ווי שטיל געניייוויש,
איך זאַהיקע רוקט די טיר,
גייט אַריין און באַלד צוריק גייט —
וואס אי׳דאס פאַר א מאַניר ?...

האבן מיר שוין אלץ פאַרשטאנען,
אלץ דערמאנט זיך מיטאמאל. —

ווייטער האט זיין פאַס געסקריפּעט.
איבער בערג און איבער טאל...

## 1905

בין איך א קליינס נאָך, א קנאַפּעלע,
נאָר פּייערלעך טיאָכקען אין מיר, טיאָך.
בעט איך: „פּאָטאַפּ, פּאָטאַפּעלע,
גיב פּראָקלאמאציעס א קאפּעלע".

זאָגט ער: „ווערווריקל, גיי,
ביסט אַ ווערווריקל נאָך".

אויב איך בין טאַקע אַ ווערווריקל
שאַרף איך מיינע ציינדלעך שאַרף,
קום איך: „צייטל, צייטעלע,
גיב אַ פּעקל פאַרשפּרייטן מיר..."
זאָגט זי: „אויגן אָפן, צינגל שטום, אויער שארף —
נאַ, צעוואַרף!.."

טאָג אין נעפּל. אלץ אין וואַרעמען נעפּל.
ווער מיר שטיבלעך, בוג און בערגלעך און פּאַראָם!

פאַרטיק מיט ציקאָריע, מיטן עפּל,
פּאַק איך אין אַ קויש פּאַפּירן - פּעקל,
פון אויבן, שטשאַוועל גראָז און טעפּלעך,
און גיי מיר, גאָרניט, גייט א אינגל זיך א טאָם.

פּאָרט דורך אַ פויער מיט אַ גארע היי;
אַ צווייטער מיט אַ פורל שטיינער,
א דריטער פירט זיך האַרצווייטיק און ביינער
באַ איינעמס פּאַרקן שטייט אַ זאַק מיט שפּענער
באם צווייטן אונטער סטריכע ליגט אין נעסט
אַן איי.

זיינען אלע גוט און ליב מיר,
גאַנווע איך זיך שטיל צו אלע זיי
און לייג אין זאַק, אין נעסט, אין היי
די ליבע בלעטלעך וואָס אין זיי געשריבן:
„ברידער, כאַווײרים פון מי און נויט
„געגנוג געליטן! געגנוג געשטיקט! —

# ס׳איז קיין פּעטרעשקע ניט ווערט

מידע קינדער אָפּן בּערגל
אינם טיפן גרינעם גראָז.
און אין מיטן באַרעך בּרען,
און בּאַם זייטל פּיזי-האָז.
ריידן זיי צעווישן זיך:
אַלע ריידן מיטאַמאָל! —
קריכט דערווייל די נאַכט פון טאָל,
שווימט די זון דערווייל אַוועק,
גייען מאַיסעס אָן אַן עק.
נעמט דערציילן פּיזי-האָז:
כ׳האָב אַליין אין מיטן קאַמער,
אין דער זייט פון סטערטע שטרוי,
אויפגעשטעלט א גרויסן האַמער,
און אף אים צווי לאנגע שטרוי: —
דאַכט זיך מיר, אין האַלבער נאַכט,
ווי אין קאַמער עמיץ לאכט,
עמיץ לאכט, עפּעס קראַכט,

און דערנאָכדעם גייט א שלאַכט...
קום איך מאָרגן, — אוי, אוי, אוי!
גאָר פאַרשוואונדןביידע שטרוי
און דער האַמער איבערקערט,
אָט אזוי, אָט אַזוי;
נאר א וואונדער, קוים צו גלויבן,
אַפן האַמער אף זיין אויבן
איז א פעדערל געלעגן,
גאָר אַ דיבינקס איז געלעגן
ס׳האט געאטעמט נאָר געשוויגן —
וויפל כ׳האָב זיך אָנגעיאָגן,
פעדערלעך צונויפגעטראָגן,
ווייסע, שווארצע, אַלערליי,
ס׳איז צעווישן אַלע זיי
גאָר אַזאַ מין נישט געווען,
ניט געווען און ניט געשען, —
אַז דאָס פעדערל דאָס קליינע
גלייכט זיך גאָר ניט צו קיין איינעם! —
איצטער ווייס איך שוין אַף קלאָר,
אז אַף גאַנצער וועלט דער גאָר,
איז קיין אויפעס און קיין פויגלען,
און קיין פויגלעך, קיין געפליגל, —
נישט פאַראַנען גאָר אַזוינע,
וואָס אַ פעדערל אַזוינעס

זאָלן האָבן צו פאַרמאָגן, —
דאָס שוין קען איך זיכער זאָגן.
אָבער ווען דאָס געהערט —
ווער קען וויסן, זאָגט מיר, ווער?
קיינער ווייסט, אוואַדע קיינער,
דאָך אַן עמיצן געהערט עס,
און דער עמיצער, דער איינער —
ער קומט אַלע נאַכט אין קאַמער,
און מיט אים אַ כעוורע, זיכער,
און זיי וואַרפן זיך אין סטערטע,
מיט דער שטרוי און מיטן האַמער,
און זיי וויכערן אַ וויכער,
און זיי וויכערן א וויכער,
און פאַרטאָג די שטרוי פאַרקערן, —
און ניט ווערן, און ניט ווערן!..

---

כאַפּט זיך אויף באָרעך ברען:
וויים איך וואס! וויים איך ווען! —
ס׳קען אַזאַ זאַך ניט געשען. —
הערט וואָס ס׳איז מיט מיר געוועזן:
ווען געטראָפן האָט די מאַיסע,
מיטן קאָטער אונזער ווייסן,
וואָס אַזוי פאַרצוקט געמיין
איינס אַ טייבעלע א קליינס.

האָב איך שטאַרק אים אנגעשמיסן,
אים די אויערן אָנגעריסן,
נאָר אַף מאָרגן, ווי איך זע, —
קאָטער אַפן בוידעם גייט.
טראַכט איך: ע, דאָ טויג קיין קויעך,
קאָטער האָט אַ קאַצן מויעך!
וואָס קאָן העלפן דען מיין שלאָגן? —
און איך קום אַריינצוזאָגן?
אין דער שטוב, און ברייג צוטראָגן
מיינע טייבעלעך, מיין פראַכט,
אַף דאָ נעכטיקן די נאַכט.

---

איז מיין מאַמען ניט געפעלן:
„נאָר זיי פעלן, נאָר זיי פעלן
„אין דעם רויכעדיקן גרוב.
נעם זיי, זאָג איך, צו פון שטוב!"
וואָס זשע קאָן מען דען דאָ מאַכן? —
נאָר די מאַמע זאָל ניט וויסן,
נעם איך מיר אַ פּאָרל זאַכן,
אַ פּאָר שמאַטקעס פאַר אַ קישן,
און די טייבעלעך צונויף,
און אַף בוידעם גלייך אַרויף! —

---

אונזער בוידעם, אונזער בוידעם —
אַלע ווייסן: נאָר פאַר שיידעם,

נאָר פאַר רוכעס, דאָמאָוויקעס, —
הויכע באַנטינעס און דריקעס,
שיימעס, סאַזשע, אַלטע זעק, —
נאָר פאַר לייצים און שלעק.
וואָס מיר מוירע, וואָס מיר שרעק? —
אַז די טייבעלעך, די קליין
אַפן בוידעם זייַנ׳ אַליין —
כ׳וועל אַליין זיי דאָרט ניט לאָזן! —
זאָל זיין שיידעם און שאלמויזן,
און נאָך אנדערע ווילדע שלעק, —
ערגער איז דעם קאָטערס עק!
און איך מאַך מיר דאָס געלעגער,
און איך לייג זיך באַלד אַנידער, —
ווייס איך דאָך, — איך טאָר ניט שלאָפן,
האַלט איך מיר די אויגן אפן,
ווערט אַלץ פינסטערער און פינסטער,
נאָר אַ שיינעלע אַ מינדסטער
לאָזט אַראָפּ זיך זייער שוואַך,
פון די לעכער אינם דאַך.
נאָר מיר הויבט זיך אָן צו דאַכטן
מאָדנע, מאָדנע, מאָדנע זאַכן:
וואס איז דאָרטן? וואָס איז דאָ?
און באַם קוימען שטייט אַ „באָ"
און באַם ווינקל, ווי פון בראָנז,

שטייט אַ גוילעם מיט איין וואָנס,
און די וואנס איז אַזוי לאַנג,
שלענגלט אויס זיך ווי אַ שלאַנג,
מיט אַ פינגער עפּעס ווארנט,
און דאָס פּאָנים איז פאַרצאָרנט...
כ׳וויל אַ שריי טון — נאָר קיין וואָרט —
עך און עך! איך טו אַ שפּרינג צום אָרט:
ס׳איז א גאָר ניט מיט אַ גאָר ניט!!
וואָס זשע פאָרט געווען איז דאָרט?
אָט: א שיין פון לאָך אין דאַך,
אף אן אַלטן שמאַטע זאַק,
האָט געוויגט זיך אַזוי גרוי,
אַזוי קונציק אַזוי גרוי,
און געשראָקן מיך אַזוי.
בין איך נאָכדעם אומגעקראָכן,
וואו א לאך און וואו א בראך,
אַלץ, וואָס מיר זיך אויסגעוויזן:
סאַי די קוימענעס, די ריזן,
סאַי די שמאַטעס, סאַי די זעק,
סאַי די שיימעס גאַנצע פעק,—
אלץ באַקוקט, אלץ באטאפּט,
מיט די הענט זיי אנגעקלאפּט, —
און איך זאָג אייך, קינדער הערט: —
ס׳איז קיין פּעטרעשקע ניט ווערט!!

מיר זיינען מויערער,
מויערער,
שטענדיק, שטענדיק בויען מיר,
קלעצער אזוי טעסען מיר,
ציגל אַזוי פּרעסן מיר,
שטיינער אזוי האַקן,
קנאַקן,
גלייכן,
שלייפן,
ביז מיר מאכן גלאַט.
ביז מיר מאַכן גלאט.

מאכן מיר אַ גרונט!
שטיין צו שטיין שלעפּן מיר,
לייגן מיר, גלייכן מיר,
און מיר מאכן פעסט, —
פעסט און איינגעפּרעסט. —

און מע גיסט אין מור
צעמענט שטוקאַטור, —
ווערט אַזוי אַ גרונט!

מאכן מיר די ווענט:—
רויטע ציגל פּאַסן זיך,
איינס מיט צווייטן פּאסן זיך,
זעצן זיי אין שטוקאַטור,
נאך דער גלייכקייט פון אַ שנור.—
און זיי וואקסן אויף,
הויך, הויך, ארויף. —
ווערן אזוי ווענט.

---

קומען אָן די בלעכער:
— אָט, מיר זיינען דאָ!
מיר קענען דעקן דעכער —
אַזעלכע אָ-אָ!
נעמען מיר די טאָוולען בלעך,
מיט א האמער מיט א שער,
שניידן הין, שערן הער,
קלאַפּן צו, קלאפּן איין,
באַ די רינוועס שערט מען פיין,
לעכלען דורך, פרעגזלען אויס
אַקסל-רינוועס באַ דעם הויז.

און באַם גאַנעק, פול מיט סייכל
ווערט מיט שליארקעלאך א דעכל,
און איך שפּיץ געשניצט אַ האָן,
אָדער גאָר פון בלעך אַ פאָן!

---

קומען אָן די טישלער, —
עי, לאָזט דעם וועג!
מיטן הובעל, מיט דער זעג,
זעגן מיר אזוי די ברעטער,
שניידן מיר אזוינע לייסטן,
רעמלעך שניצן מיר און בלעטער,
און קוואַרטירלעך זאָלן פאסן.
מיט הובל:
הין און הער,
מיטן צירקל אויפגעקלערט,
מיטן וואַטערפאס געגלייכט,
מיטן סאמעט-פייל געפיילט,
און דערנאָך ארומגעפירט,
ארומגעפירט, ארומשפאצירט, —
ס'פינקעל-פיינע גלאָז-פּאַפּיר.
ביז דאָס גלאָז-פּאַפּיר פארגלעט
ס'גלאַטע לייב פון יעדער ברעט.

---

קומען מיר, די מאָלער,
ברייגגען פאַרבן אלערליי,

באַרשטן, בערשטעלעך און פּענזלעך,
טראַפּאַרעטלעך, פּלייַץ און קליי.
און מיר נעמען זיך צום פאַרבן:
אָכרע שמעקט אונז, און נאָך הארבער,
דרייט אין נאָז דער סיקאַטיוו.
נאָך די פּאָלן, טיר און פענסטער, —
גייט די ארבעט ערשט די שענסטע:
אף די ווענט די גרויסע מאָלן: —
פעלדער, וועלדער, בארג און טאָלן,
און זאַוואָדן און פאַבריקן,
עקספּעדיציעס אין באַשליקן:
פּיאָנערן, —
בא דעם לערנען,
איינער קוקט אין אַ שפּאַקטיוו.
זאָל וואָס גיכער ווערן טרוקן, —
מערער גיסט דעם סיקאַטיוו!

אף דער גרויסער וואַנט צו קוקן
וועט זיך יעדער איינער פרייען: —
ווייל מיר מאָלן אף דער וואַנט,
ווי מע בויט אין ראַטן-לאַנד,
אזוי פריילעך, אזוי גרויס,
אזא ליכטיק מעכטיק הויז, —
פאר די פּראָפאַריינען!

## ברוקיר-פלאַסטער

פריער גראָבט מען און מע גראבט,
נאכדעם שטיינער שפאלט מען, שאָבט,
און מע טעסעט, טעסעט ריין,
און סע לייגט זיך שטיין צו שטיין.
ברוינע הענט מיט האמערס רייגע,
קלאפן אויס א ליד אף שטיינער:
קלינג-קלוינג-ציר! קלינג-קלוינג-ציר! —
פלאססטער ווערט אזוי ברוקירט.

גייט דער פלאַסטער, גייט און גייט,
ביז ער קומט צו אנדרע שטעט,—
בינדט דער פלאַסטער נאכאנאנד
שטאָט מיט שטאָט אין גאנצן לאנד,
און ער גייט נאָך ווייטער, ווייט:



459—5*

שליסט איין לאנד אין צווייטן איין.
רופט די ארבעטער צום גאנג.
קלינג-קלוינג-קלאנג, קלינג-קלוינג-קלאנג.

טרעטן פעסט, טרעטן פעסט
פיאָנערן, —
ווער מיר שניי, וואָס מיר פרעסט! —
און אקטיאבערלעך אפילע
קאָנען ניט פארבלאָנדזשעט ווערן. —
טרעטן פעסט! טרעטן פעסט!

# אַרל און שוילקע

I

שנעלער איינס, שנעלער צוויי —
שוילקע, אַרל נאָך דער ריי,
פלינק, פלינק, טיפּ, טיפּ, טיפּ, טיפּעקל, —
הענטלעך, פיסלעך ביזן פּיפּעקל!

קאָמסאָמאל איז גאָר פון פאָרנט,
און פון פאָרנט אויך די כאָרן,
ראַדיעס ריידן גרויסע רייד —
מע פארשטייט זיי קליינערהייט.

אַרלען גייט ערשט, נו, דאָס אַכטע, —
ניין, נאָך ניט קיין פּיאָנער,
שוילקען קאָן מען שוין באַטראַכטן
ווי קימאַט א פּיאָנער.

אָך, ער יאָגט אין יאָרן, שוילקע,
אָט באַלד קריגט ער א פאטשיילקע
און מע נעמט אים צו אין כאָר.
פלינקער, אַרל, טופּ, טיפּעקל
הענטלעך, פּיסלעך ביזן פּיפּעקל
פלינק דעריאָגן שוילקעס יאָר!

II

ה י ט ע ר

גאָך די לידער, מאַרשן, — מיד.
שלעפּערט שוילקען, שלאָפן ציט —
וואַרפט ער זיך אנידער.
ברענגט אַ ווינטל אים צום נאז,
פרישן אָוונט, פארטיק גראָז,
מיינט ער: ר׳שטייט שוין ווידער.

אים דאכט, ער נעמט אַ שטעקן, שוילקע,
אַפן העלזל די פּאַטשיילקע,
און ער שפּאַנט,
איבער לאַנד.

שטעט, בולווארן, מיט פאַבריקן,
קארן-דערפער בליען, קוויקן,
און ווי בלומען שטייען וואך: —

ליכטיקע אָקטיאַבערלאך.
— ווען באַוואַכט איר, כעווערעלאַקעס
צי די קוימענס, צ קאַבאַקעס ?

— ווייסטו גאָרניט ? עך, דו, —
שפרינגט א יאטל פריילעך צו, —
ס'איז פאַריאָגט פון לעכער, דעכער, —
גאָט און די גאָטעכע. —
היטן לאַנד און שטייען וואַך
ליכטיקע אָקטיאַבערלאך !

# אין איין שיכל

זומער לויפט מען גרינג און באָרוועס,
זומער וואקסט אין סעדער גיך.
ווינטער מוז מען אָנטאָן שיכלעך, —
ווי דען גליטשט מען זיך אָן שיך?

פעליקס איז בא אונז דער קלענסטער,
אַזאַ ליבּס אין קאָלעקטיוו!
נאָר איר ווייסט, ער האָט אַ טעווע
אלץ צעווארפט ער, — ס׳אָנטאָן, שיך.

שטענדיק זוכט ער: „וואו מיין העמדל?
„ס׳גארטעלע, וואו אי׳דאָס דען?
„דעזשורנע, כ׳האָבּ נאר איינס א שיכל,
„האָסט דאָס דריטע ניט געזען?״

גייען פּיאָנערן-רינגען,
איז ער אין אקטיאבערל דאָך —
אז דעם „דריטן” שוך געפינט ניט,
לויפט ער אינם איינעם נאָך!

פאַרן רינג-פירער מאַרשירט ער,
אויערלעך הערן גוט דעם טאַקט,
און מע פילט — סע וואַקסט אַ קעמפער! —
טאַק-טאַק, — מיטן איינעם שיכל קנאַקט!

# א קאָלעקטיוו

אפן שטיק בא אונזער נאָרמע,
טאַקע באלד באַם קרומן ריוו, —
האָב איך זיך מיט מיינע ציגלעך,
דארט געמאַכט א קאָלעקטיוו!

זאָלט איר זעען אונזער אַקער —
אָך אן אַקער! —מעסערס צוויי!
ציגלעך שפּאנען זיך ווי אָקסן!
זאָלט איר זעען — שלעפּן זיי!

שניידט דער אקער גאָרטן-שטיקער,
שטיקער גאָרטן קרעכצן: אָך!
נאר מיר קוקן זיך ניט אום גאָר
און מיר שניידן ווייטער נאָך!

ביז די זון אַזוי פֿאַרגייט זיך,
און איך טו אַ פֿאָר ארויס! —
אַ פֿאַרענדיק מיט אַן עקל,
אַ צעאַקער ביז צום הויז!

אויסגעשפּאנט שוין מיינע אָקסן,
כ׳שטעל דעם אַקער גוט אוועק.
איינס אַ ציגעלע באשמעקט זיך,
ס׳צווייטע פּאָכקעט מיטן עק.

און מיין גאָרטן טרינקט די טויען,
כלעפּטשעט רעגנס, — מאַכט זיך ברייט.
און ער זאָגט מיר צו מעציעס,
נאָר אַבי: „פּאַרזייט! פּאַרזייט!"

פֿיר איך צו אַ היטל-שליטל
פֿול מיט קערלעך און צעשיט.
וואַרט איך לאַנג און איך דערוואַרט זיך:
ס׳האָט מיין גאָרטן זיך צעבליט!

# שעפּן פּאָרן

אַז געפּאָרן — איז געפּארן! —
ניאָ, וויאָ, היינטעלאַקעס!
איבער שטיין און איבער דאָרן,
איבער אויסגעדרייטן האָרן,
און אריבער די קאַבאַקעס!

ברודערל און שוועסטערל
זיינען שעפּן גוטע.
איבער זשוקלעך, איבער גראָזן,
איבער מערעשקעס און האָזן,
זיינען שעפּן גוטע.

ברודערל און שוועסטערל
צו שעפּירן פּאָרן.

זי האַלט אים באם פּלידערל,
ער קלאפּט מיט די שפּארן.
זי שלעפּט מיט אַ פּערדעלע
אַף אַ רויטינק שנירל,
ער — א קליינינק שפּיגעלע,
אַ קייטל צו׳ן א טירל.

אלץ מאַטאָנעס שיינינקע,
פאר די קינדער קליינינקע:
זיבעטלעך און ניינטלעך.
— זייט איר טאקע פריינטלעך?
— אַוואדע,— שמייכלט ברודערל, —
גליד-גליד — גלידערלעך
— אוואדע, — שמייכלט שוועסטערל, —
גליד-גליד — שוועסטערלעך:—

דורך דער באבען,
דורכן זיידן,
אלע אינײנעם,
דריי מיט ביידן
פעטער אַבע,
מומע גיטלס עלטער-זיידן —

ער האט געהאט אזא מין שטעקן,
אף דער שאפע איז געלעגן.
אז מע פלעג א קנאָפּ א דריק טאָן,
פלעג פון שאף אראָפּ דער שטעקן,
מישן ביכער,
טאבאק שמעקן,
און אין שטוב ארומגעגאנגען,
אָט א שטעקן!

## פרי-יאָר

דער ווינטער אין וואסער,
אין וואסער צעגאנגען,
וואסערן וואשן באטאָג און באנאכט.
שטיינער פון גאסן, שטיינער און פלאסטער,
וואסערן ראַשן באַטאָג און באַנאַכט.

דאָרט, וואו די זון שטייט, שטייען די קינדער.
דאָרט, וואו די קינדער, איז פרילינג שוין איצט.
אין הויכע הויכן גרייט זיך פאר קינדער, —
א פארביקער בויגן, א ליכטיקער בליץ!

פאַרוואָס איז ניט פריילעך?
ס׳איז פריילעך אין דרויסן,
ס׳איז פריילעך אין דרויסן
מע גייט אף דער זון!
אפילע די וואסער צו שטיינער דערציילן,
אז פריילעך אין דרויסן —
מע גייט אף דער זון!

# פארן רעגן

גיך אראפּ די מיצעלעך! —
פאר דונערן, פאר בּליצן,
שטייף און גלייך ווי פלאַקסן!

זאל רעגן נעצן קעפּעלעך,
ווי בּארן און ווי עפּל
וועלן מיר גיכער וואַקסן!

## נאכן רעגן

אָט וועט ציטערן דער הימל
און א רעגעלע וועט גייען...
סע באַהאַלטן זיך די הינער,
און די ציגן אונטער סטריכעס,
הינט מיט הינטלעך אונטער וועגנס,
אפן פריפעטשעק די קעצלעך.

און נאר מיר די קליינע קינדער,
אין די ריטשקעלעך מיר טאַנצן,
מיט די אוירינגלעך, די בולבעס —
און איינעם מיט זיי לאַכן,
און איינעם מיט זיי לויפן,
גלייך צום טייך!
ערשט דערנאך — די זון וועט קומען,
מער א נייע, מער א שטארקע,
און וועט אויסקושן די דעכלעך,
און די פענעמלעך, די צעפלעך,
און די פלודערלעך און קליידלעך,
און די בלימעלעך די קעפלעך!

## רעגנדיקע צייט

אינזלען פאַרויכערטע,
מעשן — קאלירטע,
זילבער באַצירטע,
שווימען אף הימל;

אף פעלדער, פיל שאָטנס,
שאָטנס און ווינטן,
און געזשענער טומל.

וויכערלעך טאנצן,
רעווען בעהיימעס,
דארן טאפאליעס,
דערנער אף וועגן, —
אלעם און יעדן
ווילט זיך א רעגן.

## זומער-היץ

א סארפּעדיקע היץ אזא.
די ברידער גראָבן בורעקעס,
נאָר הילקען הייסט מען זיך ניט בראָטן,
א סאַרפּעדיקע היץ אזאַ —
ער קריכט שוין ניט נאך פּערעשקעס, —
ער זוכט זיך גאָר א שאָטן.
פּע! —
וואס ברענט אזוי די זון!
בראָט דעם רוקן, ס'נעזל טרוקנט, —
ניט אין אויגן איר צו קוקן,
ניט מע קאן איר עפּעס טון!
אָט איז קאָטער!
קאָטער, אוניוואטער
זאָג א מיינונג: —
ווען מע נעמט זיך אלע איניינעם,
קעץ און הינט און נאך אזוינע,
אף דער זון,
און זי בויטן:

זאָל נאָר גלעטן,
זאָל נאָר װאַרעמען די שװעל.
ניט מיט היץ די קעפּ אונדז פּלעטן,
און אונדז סאַרפּענען די פעל!

נאָו׳ ביסט, קאָטער, אײנער, — עט.
קוקט אים אָן, ער פּאָפּט, בוקעט!
פּאָכט מיט זײטן, באָמבלט צונג.
קלײן איז הונט אזא, א יונג
זיך א יאָג טאָן איבער הויפן: —
קאָטערס, קעץ, און קעץ און קינדער
הינט און הינטעלעך נאָך בלינדע —
אַלעמען צונױפצורופן —
אז מע זאָל דאָך עפּעס טאָן,
קעגן זון!
עך, בוקעט, אַ הונט א פוילער!
דו נאָר קאָטער, דו ביסט אײנער
אַ כוואט אזױנער!
האַ?
דו גײסט זיך גאָר אין קעלער,
א דרימעל טון?!

דערװײל אלײן, דער קלײנער הילקע
פײפט פון שלאָף שוין — אַ סאַפּילקע
שאַ...

# מ אָ ן

א גוט מאָרגן, סעדל, פעלד!
דיר, עפּל-בוים, דיר קאָרן! —
זעט די מאָנען, קוקט זיי אָן,
ווי גרויס שוין, גרויס געוואָרן!

נעכטן ערשט די מאָנען דאָ,
אין גרינעם כ׳האָב געלאָזט זיי;
איצט שוין גאָר ע-ע, אָ-אָ,
אין פּערל-קליידער ראָזע!

שיינען פון די בלוזקעלעך,
די איידל גרינע קעפּלעך,
גריסן פעלד, פון ווייטן דיר,
און אייך דאָ, באַרן, עפּל.

נעכטן ערשט נאָך גרינע דאָ
און גרויסע שוין אצינדער! —
שיין געראָטן, שיין געוואַקסן!
ליבע מיינע, קינדער!

# אָ ס י ע ן

זיך צוגעגרייט שוין ציבעלעס,
און בורעקעס, קאַרטאַפעל.
דער פעטער טוט די שטיוול אָן,
און טוט אויס די פאנטאָפל.

דער פעטער גרייט דעם וואָגן צו,
אף שליאָטעס און אף בלאָטעס,
די מומע לייגט אַף טולופּלעך,
גאָר שוין נייע לאַטעס.

און סירקע-הונט גייט אום אזוי,
מיט אויסגעשמירטע לאַפּעס;
דאס הינעלע — אַ סטאטיקל,
כאָטש נעם עס און כאָטש כאַפּ עס.

און אַלע ריידן ווייניקער,
(זיי קאָנען ווערן שטומע!)
דער פּעטער אַרבעט שווייגנדיק,
אַפילו אויך די מומע!

די פֿייגעלעך שטייען אָנגעצעצט,
און פּורקען אַף די פּלויטן.
און אַך! באַ אַלע בוימעלעך,
שיילן זיך די הויטן.

# אין באָד

סע גייט שוין צו ווינטער, —
אַ קריך און א קראָך. —
פאַריכט מען די סטריכעס
דעם בראָך און דעם לאָך.

פאַרבינדט מען אף ווינטער,
די בוימלעך אין סאָד.
און ס'גלוסט זיך א גיי טאָן,
זיך פּאַרען אין באָד.

סע היצן די קעסלען,
סע בראָט און סע ברענט:
סע ברענען די לייבער,
סע ברומען די קרענט

מע קרעכצט אַף די שוויץ-ביינק
די שעפּלעך: סטוק—סטוק.
די בּעזעמלעך בּריען
און פּרעסן די רוקנס.

עס לעבּן זיך שכיינעם:
אַ קראַנט לעבּ א קראַנט, —
ס׳איז איינער ווי פייער
דער צווייטער איז — קאַלט.

זיי מישן זיך ביידע
אין שעפּעלעך אויס
און פליסן, — אַ מכאַיע, —
אַף קליין און אַף גרויס:

ווערט יונגער, ווערט פרישער
אויס אָסיען, אויס אָל.
דער פויער ער נעמט שוין
דאָס בּוך ווען-אַמאָל. —

און גרונטעווען וויל ער
און דרינגען צום גרונט, —
זיין מויעך — אַ טראַקטאָר:
איז קלאָר און געזונט.

# אַפּן גליטש

גליטשן, גליטשן, גליטשן ווידער, —
וואַרים ווערט אין אַלע גלידער,
פלאַם אין בעקלעך, קראַפּט אין הענט —
אין די אויערן, — פייער ברענט!

מיט א שליטל, אָן א שליטל,
אף אַ קלאָץ, א דראָנג, א ריטל,
אַף די קני, צי אַפּן היטל, —
עי, אלצייגס! — יאט און יאַט —
גליטש איז אויסגעגאָסן גלאַט!

פראָסט האָט ליב צו זיין אין דרויסן.
פראָסט האָט ליב אַ גליטש אַ גרויסן, —
פראָסט האָט ליב, אז מ׳איז ניט מיד! —
עי, לעקאָוועד אים אַ ליד: —

שמידער, שמידער,
מיט גלעזערדיקע גלידער,
קומסט אַף גאַנצן ווינטער,
האַלסט זיך מיט אונז אונטער, —
ציסט אונז פון די טויערלעך,
שנעלסט אונז אין די אויערלעך,
מאַכסט פאַר אונז טרוקן!
שטעלסט פאַר אונז בריקן!
און אַף באַרג און טאָל
שטעלסט פון אייזן, און פון שטאָל
שטעלסט אַזוינע גליטשן,
אזוינע גוטע גליטשן!

# אין קינדער-קאָמונע

מיר — אַ טייל אין וואַלד אַריין,
זיי — אַ טייל אין קיך אַריין, —
— האָלץ וועט זיין!
— זופּ וועט זיין!
אלע מיר צום טיש גלייך פיין —
וועלן מיר עסן זופּ געשמאַקן
אף ביידע באַקן.

אָפּגעגעסן, אפּגעטרונקען,
צוגעקליבן, — אַלע זינגען.
ווער אין ראָד,
ווער צום בוך,
ווער צום ווארשטאַט,
שער און טוך. —
פריילעך טוענדיק מיט לוסט,
יעדער, וואס זיין הערצל גלוסט.

איז דער טאָג גאָר לעבעדיק, —
איז די נאַכט גאנץ שלעפערדיק,
שלעפערדיק... שלעפערדיק...

## אין הויז נומער 8

איז ניט דאָס שענסטע,
אַז נעמסט און באַטראַכסט,
דאָס לענינשע ווינקל
אין הויז נומער אַכט?

דאָס לענינשע ווינקל,
אין גרין-גראָז געצירט,
פאַבריקן, פלאַקאַטן,
אין שווארץ און קאָלירט.

אין מיטן א לענין,
אין מענטשלעכער גרויס,
דער פאָטער פון קעמפער,
דער פאָטער פון הויז!
און ווער האָט עס אלצדינג
געמאָלט, און געמאַכט?
— אלע די קינדער
פון הויז נומער אַכט.

# יוזיק און פּעטריק

(א שפּיל)

פּעטריק, פּעטריק, קוק אינײַנעם,
לאָמיר זײַן שוין גוטע שכנים,
בּלאָז זיך ניט, איך זאָג דיר צו:
דײַנע ציבּעלקעס ניט פליקן.
נו, בּלאָז זשע זיך ניט, פּעטריק, נו?
— גוט, איז גוט, און איך זאָג צו,
דײַנע טײַבּעלעך ניט שטיקן.
— וואָס נאָך?
— ניט אַרײַנקוקן צו זיי אין לאָך.
און דו וואָס נאָך?
— אַז נאָכן רעגן, ווען כ׳גיס אַרויס,
דאס וואַסער, וואָס סע גיסט אין הויז,
זאָג איך צו, קיין אײנציק שעפּל, —
ניט אַראָפּלאָזן פארבּיי דײַן טרעפּל.

פּעטריק, כ׳שווער !
— און איך זאָג צו, אַז אומגעפּרעגט
נעם איך ניט און נאָר איך פרעג :
מע מעג די זעג, מע מעג די שער,
מע מעג דעם נייעם עמער ?
מע מעג דעם וואַטערפּאַס, דעם קלעמער ?
ווייל כ׳ווייס דאָך, יוזיק, ווי ס׳קומט אָן שווער !
— אוואדע, פּעטריק, ניט נעמען מער,
ניט גאַנווענען זיך ווי אַ האָזל
קום און זאָג מיר : גיב מיר, יוזיק !
דאָס אָ, דאָס אָ,
גיב איך, פּעטריק, נאַ דיר, יאָ !
— איז שווער איך דיר באַ וואָס דו ווילסט.
באַ... באַ... באַ מיין סוויטקעלע פון פילץ,
זאָל מאָרגן גיין אַזוי א רעגן !..
— און איך — איך שווער,
באַ וואָס ? באַ וואָס דו ווילסט
באַ די טייבעלעך, וואָס דארפן זיך לייגן
כ׳זאָל אַזוי אין גיכן זיין א פּיאָנער.
— איך אויך, אַזוי ! איך שווער !

# פּיאָנערן

אַלע גוטע קינדער ווערן,
(אַלע קינדער זיינען גוט)
אלע ווערן פּיאָנערן,
פּיאָנערן אַלע גוט.

סערפּ און האַמער, פאָן און שטערן,
איבער דערפער, איבער שטעט. —
לעניגער באַ לענין שווערן:
זיין פאַר לענין שטענדיק גרייט!

— שטענדיק גרייט מיט פאָן און שטערן,
אָנהויבן, — מיר הויבן אָן: —
איבער גרענעצן און ערדן, —
הויבן אָן דעם גרויסן קאָן!

# אינהאַלט